ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך"
רעדאַקטירט פון ש. באַסטאָמסקי. סעריע נ' 2

ליעאָן עלבע.




# מעשהלעך

1) ווי לעמעך האָט געלט
2) פינטל און זיין הינטל.

Leon Elbe. BAJKI.

ווילנע
פאַרלאַג „נײַע יידישע פאָלקסשול"
1931

Drukarnia „Express" w[illegible] [illegible] 33

## ווי לעמעך האַלט געלט?

לעמעך איז געווען אַ גרויסער נאַר —
אַ נאַר כאָטש אין קימען שפּאַר.

איינמאָל שיקט אים זיין מאמע עפּעס קויפן. גיט זי אים געלט און זאָגט צו אים:

— זע, לעמעכקע, ווער ניט אָן דאָס געלט!

ענטפערט לעמעך:

— האָב קיין מורא ניט, מאמע. איך וועל ניט אָנווערן. איך ווייס, ווי צו האַלטן געלט.

— און זע, מע זאָל ביי דיר ניט

אַרויסגַנבענען! — זאָגט צו אים ווייטער די מאַמע.

צעלאַכט זיך לעמעך מיט זיין נאַרישן געלעכטער און ער ענטפערט.

— אָ, ניין, מאַמעו ביי מיר וועט מען ניט אַרויסגנבענען. איך ווייס, ווי צו האַלטן געלט.

זאָגט צו אים די מאַמע:

— נו, טאָ גיי, מיין קינד, און קער זיך גיך.

מאַכט לעמעך:

— אַז איך וועל גיין גיך, וועל איך דאָך רייסן די שיך.

זאָגט צו אים די מאַמע:

— נו, טאָ גיי פּאַמעלעך!

מאַכט ווידער לעמעך:

— אַז איך וועל גיין פּאַמעלעך, וועט מען מיך דאָך רופן לעמעך!

זאָגט צו אים די מאַמע:

— נו, טאָ גיי ווי דו ווילסט.

———

איז לעמעך אוועק. גייט ער און דאָס געלט האַלט ער ניט אין קעשענע, נאָר אין האַנט, און די האַנט איז בײַ אים ניט פאַרמאַכט, נאָר אָפן, אַזוי אַז אַלע זעען, וואָס ער טראָגט אין האַנט.

שטעלט אים אָפּ איינער א מאַן און פרעגט אים:

— ווי רופט מען דיך, ייִנגל?

ענטפערט ער: — לעמעך.

זאָגט צו אים דער מאַן:

— טאָ זיי זשע ניט קיין לעמעך און טראָג ניט אָפן דאָס געלט אין האַנט.

ענטפערט לעמעך:

— עס איז בעסער, אַז איך טראָג אָפן.

פרעגט דער מאַן:

— פאַרוואָס?

ענטפערט לעמעך:

— ווייל איך קוק אויפן געלט אין האַנט, קען איך ניט אָנווערן...

מאַכט צו אים דער מאַן:

— קענסטו דאָך דאָס אַריינלייגן אין קעשענע, וועסטו ניט אָנווערן.

זאָגט לעמעך:

— אָ! אַז איך וועל אַריינלייגן אין קעשענע, וועט דאָך קומען אַ גַנָב און אַרויסנעמען!

מאַכט דער מאַן:

— אויב דו ביסט אַזאַ חָכם און ווילסט דאַווקע טראָגן אין האַנט, טאָ פאַרוואָס פאַרמאַכסטו ניט די האַנט?

ענטפערט לעמעך:

— הע, הע! אַז איך וועל פאַרמאַכן די האַנט, וועל איך דאָך ניט זען דאָס געלט, וועל איך דאָך פאַרגעסן, אַז איך האָב געלט!

גיט דער מאַן אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגט:

— אַז מע זאָגט אַ לעמעך, איז טאַקע אַ לעמעך.

און דער מאַן איז אַוועק.

---

לעמעך איז זיך געגאַנגען ווייטער זיין וועג, און דאָס געלט אַלץ געהאַלטן אָפן אין האַנט.

באַגעגנט אים אַ צווייטער מאַן, אָבער דער מאַן איז שוין געווען אַ גנב און אַ שווינדלער, און אים איז געפעלן געוואָרן, וואָס לעמעך טראָגט דאָס געלט אָפן אין האַנט.

מאַכט דער מאַן צו לעמעכן:

— ביסט זייער אַ קלוג ייִנגל, ווי איך זע. ווי רופט מען דיך?

ענטפערט ער: — לעמעך!

זאָגט דער מאַן: — לעמעך איז אַ פיי־נער נאָמען. אַלע קלוגע ייִנגלעך רופט מען לעמעך.

איז דאָס לעמעכן געפעלן געוואָרן. זאָגט ער צום מאַן: — אַבי זיי זאָגן אַלע, אַז לעמעך איז אַ נאַר.

מאַכט דער מאַן:

— הער זיי ניט, וואָס זיי זאָגן! לעמעך

איז אַ קלוגער.

זאָגט לעמעך:

— איך האָב דיך האָלט. דו ביסט אַ גוטער מאַן.

מאַכט דער מאַן:

— אַוודאַי בין איך אַ גוטער און איך האָב דיך אויך. האָלט. דיר מוז אַוודאַי שווער זיין צו טראָגן דאָס געלט אין האַנט? דאַרפסט דאָס טראָגן ווייט?

— אָט דאָ אין קראָם, צו קויפן עפּעס פאַר דער מאַמען — ענטפערט לעמעך.

— אָ, איז דאָך ניט ווייט — זאָגט דער מאַן — און דו ביסט שוין פאַרשוויצט! לאָז מיך, וועל איך דיר אָפּווישן דעם שווייס און איך וועל טראָגן דאָס געלט פאַר דיר.

מאַכט לעמעך: — ביסט זייער אַ גוטער מאַן. נאַ דיר. טראָג פאַר מיר דאָס געלט.

און ער האָט אים אָפּגעגעבן דאָס געלט.

— ביסט אַ קלוג ייִנגל, לעמעך — האָט געזאָגט דער מאַן — שטיי דאָ נאָר איין ווײַלינקע. איך דאַרף דאָ אַרײַן אין אַ הויז אין דער צווייטער גאַס. איך וועל באַלד צוריקקומען, און מיר וועלן בײדע גיין אין קראָם אַרײַן קויפן, וואָס דו דאַרפסט פֿאַר דײַן מאַמען.

האָט אים לעמעך געגלויבט און גע־לאָזן אים גיין.

---

און לעמעך האָט געוואַרט און גע־וואַרט, און דער מאַן איז גאָר ניט געקו־מען, וואָרום ער איז דאָך געווען אַ שווינד־לער און אַ גנבֿ און געוואָלט נאָר אויס־נאַרן דאָס ביסל געלט בײַ לעמעכן.

לעמעך האָט געזען, אַז דער מאַן קומט ניט, איז ער אים אַהועק זוכן, און ער האָט בײַ יעדן געפֿרעגט און יעדן דערציילט די מַעֲשֶׂה, ווי עס איז געווען, און אַלע האָבן געלאַכט פֿון אים, גרויס

און קליין, און האָבן געזאָגט צו אים:

— ניט אומזיסט רופט מען דיך לע־מעך. ביסט טאקע א לעמעך.

לעמעך איז אוועק אהיים מיט גאַר־נישט, אָן געלט און אָן סחורה.

אַז ער איז אריין אין הויז, האָט אים די מאמע געפרעגט:

— ווו ביסטו דאָס פארפאלן געוואָרן? מאכט לעמעך:

— איך בין ניט פארפאלן געוואָרן. דער מאַן מיטן געלט איז פארפאלן געוואָרן.

פרעגט די מאַמע א פארוווּנדערטע:

— וועלכער מאַן? וואָסער געלט?

האָט לעמעך איר דערציילט די גאנצע געשיכטע.

האָט די מאמע פאר בראָכן מיט די הענט און געזאָגט:

— ווי איז מיר, וואָס פאר א לעמעך א קינד איך האָב!



# פינטל און זיין הינטל.

פינטל האָט געהאַט א הינטל,
א הינטל פלינק ווי א ווינטל. און ווי
נאָר עס האָט זיך א קער געטאָן פינטל,
אַזוי איז שוין דאָרטן געווען זיין הינטל.

איינמאָל האָט פינטל געדאַרפט ער־
געץ צופאָרן מיט דער קאַר. האָט ער
זיך אָפּגעגנבעט פון הינטל און איז
אַוועק נעמען די קאַר.

פינטל שטייט און וואַרט אויף דער
קאַר. ער גיט א קוק: אהאַ! הינטל איז
דאָ! שטייט און דרייט מיטן עק, די צונג
אַרויסגעשטעקט און קוקט אויף פינטלען.

בויגט זיך פינטל איין און גיט
א פרעג זיין הינטל:

— הײ קומסטו אַהער?
װען הינטל װאָלט געקאָנט רײדן,
װאָלט ער זיכער געענטפערט:
— איך קום אַהער מיט די פיס. פון
מיר גנבעט מען זיך נישט אָפּ!
זאָגט פינטל צום הינטל: — גײ אַהײם.
װיל הינטל נישט גײן, און װי ער
װאָלט זיך בעטן:
— לאָז, איך װיל גײן מיט דיר!
פינטל פאַרשטײט שױן, װאָס הינטל
מײנט צו זאָגן, און ער ענטפערט אים:
— קאָנסט מיט מיר נישט גײן. איך
דאַרף פאָרן װײט־װײט מיט דער קאַר.
און ער װײזט אים מיטן פינגער, װי
װײט ער דאַרף פאָרן. הינטל איז אַ קלו־
גער, און ער פאַרשטײט װידער, װאָס
פינטל רעדט צו אים און װאָס ער װײזט
אים. װיל הינטל זאָגן:
— נו, איז װאָס אַז װײט? װעל איך
אױך פאָרן.

זאָגט צו אים פינטל:

— מע חעט דיך אויף דער קאַר נישט ארויפלאָזן.

— ווער? — ווֹיל פרעגן הינטל.

— דער קאָנדוקטאָר — ענטפערט פינטל.

— פאַרוואָס? — ווֹיל פרעגן הינטל.

— אזוי — ענטפערט פינטל, מע טאָר נישט. הינט טאָרן אויפן קאַר נישט פאָרן.

פאַרשטייט הינטל אַלצדינג, נאָר אוועקגיין גייט ער נישט אוועק. וואָרום ווי קען ער אוועקגיין פון פינטלען?

און דאָ קומט אָן דערווײַלע די קאַר. און פינטל גיט א געשריי אויף דעם הינטל: — אהיים גיי!

און אַליין כאַפּט ער זיך אַרויף אויפן קאַר. הינטל ווֹיל אים נאָכשפּרינגען, אָבער דער קאָנדוקטאָר פארהאַקט די טיר, און די קאַר פאָרט אוועק.

פרוווט הינטל נאָכלויפן נאָך דער קאַר. אָבער ס'איז פאָלג מיר א גאַנג! לויף נאָך דער קאַר! הינטל האָט געסאָפּעט און איז געשלאָפן, איז געלאָפן און האָט געסאָפּעט, ביז ער האָט זיך איינגעמאַטערט, און די קאַר האָט מען שוין נישט געזען און נישט געהערט.

איז הינטל געבליבן שטיין און האָט גענומען טראַכטן, וואָס ער זאָל טאָן איצטער: צי ער זאָל גיין אהיים, צי ער זאָל דאָ בלייבן שטיין? איז ביי אים געבליבן, ער זאָל גיין אהיים, ווארום וואָס וועט ער דאָ שטיין?

איז ער אוועק אהיים. איז ער געשטאַנען און געשטאַנען און געשטאַנען לעבן הויז, און ס'איז אים אומעטיק געווען. ווארים אָן פינטלען איז הינטלען אלעמאָל געווען אומעטיק.ביים הויז זיינען טאַקע געשטאַנען נאָך קינ-

דער, און די קינדער האָבן זיך גערן געוואָלט שפּילן מיט הינטלען; אָבער אַז עס איז נישטאָ פינטל, איז הינטלען נישט געווען אין קאָפּ צו שפּילן זיך.

איז הינטל געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע לעבן הויז און איז אַוועקגעלאָפן צום פּלאַץ, וווּ פינטל האָט פריער גענומען די קאַר.

איז הינטל דאָרטן געשטאַנען און געשטאַנען; קאַרס זײַנען אָנגעקומען און קאַרס זײַנען אַוועקגעגאַנגען, און הינטל האָט געשמעקט און גלעקט, טאָמער וועט ער עפּעס הערן פון פינטלען. אָבער גאָרנישט!

הינטל איז צוריק געלאָפן אַהיים, זען, אפשר איז שוין פינטל דאָרטן. אָבער פינטל איז נאָך נישט געווען געקומען. איז הינטל ווידער אַוועקגעלאָפן צו דער קאַר, ווידער וואַרטן. און קאַרס

זיינען געקומען און קאָרס זיינען אַוועק,
און פּינטל איז אַלץ נישט געווען.

איז הינטל ווידער געלאָפֿן אהיים
אַ קוק טאָן און איז גלייך צוריק גע-
קומען. ביי אים איז געבליבן, ער זאָל
דאָ שטיין און וואַרטן, ביז די קאָר וועט
צוריקבריינגען פּינטלען.

און אַזוי איז געווען. באַלד איז גע-
קומען אַ קאָר. פּינטל איז אַראָפּגעשפּרונ-
גען און הינטל איז צו אים צוגעלאָפֿן מיט
אַ שׂמחה, מיט אַ פרייד, גענומען אים
לעקן און שמעקן. פּינטל האָט זיך אויך
געפרייט און ער האָט גענומען גלעטן
הינטלען, און הינטל איז נאָך פריילע-
כער געוואָרן.

— ביסט דאָ געשטאַנען די גאַנצע
צייט און האָסט געוואַרט? — האָט פּינטל
געפרעגט ביים הינטל.

הינטל האָט ארויסגעשטעקט די
צונג, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס זאָגן,

דערציילן אלץ און בעטן אים, ער זאָל
מערנישט אוועקפאָרן אָן אים.

– נו, קום אהיים!

זיי זיינען אוועק אהיים. ביים הויז
האָבן די קינדער דערציילט פינטלעך,
ווי הינטל האָט אים אַרומגעזוכט.

